אויסגאַבע פֿון דיא פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי

# שפיאן

(SZPIEG)

איבערזעצט פֿון׳ם פוילישען

פֿון

י. הארטמאן.

לאנדאן

1903.

אין דיא קינדער יאָהרען איז ער עהנליך געוועזן צו פֿיעלע אַנדערע אינגלעך; ער האָט זיך נור ענטשיעדעט דערמיט וואָס עס האָט איהם גע-פֿעהלט דאָס, וואָס מען רופֿט האַרץ. דיא אונאַנגענעהמליכקייטען, וועלכע פֿלעגען טרעפֿען זיינע ברידער אָדער שוועסטער, האָבען איהם ניט אָנגעהוי-בען צו אַהרען, בהמות פֿלעגט ער פייניגען מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיג-קייט. ער איז אויפֿגעוואַקסען אין אָרימקייט און נויטה. זיינע עלטערן, זייענדיג פֿערנומען אימער מיט דער אַרבייט, האָבען ניט געקענט אויף איהם אַכטונג געבען. וויא אַ ווילדע חיה פֿלעגט ער אומלויפֿען איבער דיא גאַסען; און זיינע פֿערשיעדענע גוטע און שלעכטע אינסטינקטען, ניט האָבענדיג קיין פערזאָן, וועלכע זאָל דיא שלעכטע פֿערניכטען און ענטוויקלען דיא גוטע, האָבען זיך זעהר לייכט געקענט ענטוויקלען אָדער פֿערדאַרט ווערען, וויא דיא ווילדע געוויקסע אין פֿעלד.

פֿאַר אַ בעל מלאכה האָט מען איהם אַוועקגעגעבען זעהר פֿריה, ווייל אין הויז איז געווען ענג און אַ גרויסער דלות. ער האָט אָנגעטראָפֿען אויף אַ זעהר שלעכטען מייסטער. אַ בייזער און אַ קאַרגער; דיא עלטערע אַרבייטער, דיא געזעלען, פֿלעגט ער אויסטהיילען שרעקליכע צרות, און פֿאַר דיא לערנאינגלעך איז ער געווען א פשוט׳ער מלאך המות; ער פֿלעגט זיי שלאָגען, לאָזען הונגערן און אַרויסגעקוועטשט פֿון זיי דיא כוחות אַזוי ווייט, דאָס זיי האָבען קוים געהאַט אַ פּאָר שעה אין מעת לעת צום שלאָפֿען.

„אונזער מייסטער איז אַן עהרליכער מאַן — פֿלעגען דיא אַרבייטער זאָגען, — אויב ער איז שולדיג 10 רובעל, גיבט ער חאָטש 3 רובעל, אָבער געבען גיבט ער שטענדיג”. „אַי, איז דאָס אַ גוטער מענש! — האָט אַן אַנדער דערצעהלט — איך האָב געזעהן: ער האָט געוויינט איבער אַן אביון, ווייל זיין אביון׳ישקייט איז געווען אַזוי גרויס, דאָס ער האָט שוין גאָרניט געקענט פֿון איהם אַראָברייסען”.

מיט אַמאָל האָט זיך געהערט אַ נייעס וועגען אַ סטרייק אין אַ גרויסע פֿאַבריק, וועלכע האָט זיך געפֿינען אויף דער זעלבער גאַס. דאָס האָט פֿער-אינטערעסירט אַלע אַרבייטער, מיט דער גרעסטער נייגעריגקייט איז אויפֿגע-כאַפּט געוואָרען יעדע ידיעה און מען האָט געהאַלטען רק אין איין שמועסען וועגען זיי. דער פֿאַבריקאַנט איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַראָבגעלאָזענע נאָז און אַ מינע, וויא ער וואָלט אַ האַלב שאָק קאָזאַקען געהאַט אַראָבגעשלינגען. דיא סטרייקער האָבען אַרויסגעצייגט אַ גרויס אחדות און דויערהאַפֿטיגקייט — צוויי וואָכען איז געווען יום טוב. עס האָבען ניט געהאָלפֿען קיינע פּאָלי-צייסקע שפּיטצלעך, בעטערייען, סטראַשונקעס, דאָס אַראָפּברענגען קאָזאַקען — דיא סטרייקער האָבען זיך געהאַלטען העלדיש, זייערע פֿאָדערונגען האָבען זיי דרייסט אַרויסגעזאָגט, און ענדליך האָט מען זיי געמוזט נאָכגעבען, פֿער-גרעסערנדיג זייער פֿערדיענסט אויף 2 רובעל אַ וואָך. דיא ידיעה וועגען דיזען זיעג האָט זיך פֿערשפּייט ברייט צווישען דיא אַרבייטער מאַסען, ערווע-קענדיג מוטה און האָפֿנונג.

אויך אויף פּאָפּיאָלעק׳ס מיטאַרבייטער האָט דיזער נאָהענטער או אָפֿענער ביישפּיעל געווירקט. מען האָט איבערגערעכענט דיא פֿערדיענסטען און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיי זיינען זעהר קליינע, קלענערע וויא ערגעץ אַנדערשוואו; מען האָט דורכגעקוקט דיא בעדירפֿניסע און מען האָט זיך ערקינדיגט, דאָס זיי זיינען קוים אימשטאַנדע דיא נויטיגסטע טהייל פֿון זיי צו בערוהיגען. און דאָ לעבט זיך דער פֿאַבריקאַנט אַ גוטען טאָג, האַלט אין איין אָנקלויבען מיליאָנען פֿון זייער פּראַצע. עס האָבען זיך עפּעס בעווי-זען אַזעלכע ביכלעך אין פֿערשיעדענאַרטיגע שער בלעטלאַך, וועלכע דיא אַרבייטער האָבען מיט גרויס אינטערעס געלעזען. און וואָס איז אַלץ אין זיי ניט געשטאַנען! יעצט האָבען זיך ערשט דיא אַרבייטער איבערצייגט, וויא שרעקליך דיא קאַפּיטאַליסטען בויטען זיי אויס אויף יעדען שריט און טריט, בעליידיגען און פֿערנאַרען; אַז אויף דער וועלט וואָלט געווען גענוג פֿאַר אַלעמען ברויט און גליק, וועלכע זיינען היינט אויסשליעסליך אין דיא הענד פֿון דיא רייכע. „אַרבייטער אַללער לענדער פֿעראייניגט אייך! — האָבען געזאָגט דיזע ביכלעך — קלעהרט אויף, אָרגאַניזירט! אייער לאַגע מוזט איהר זיך ערווערבען דורך קאַמפּף, מיט׳ן גוטען ווילען וועט אייך קיינער גאָר ניט געבען, און אייער קראַפֿט איז אין פֿעראייניגונג!" דיזע זריעה האָט אָנגעטראָפֿען אויף אַ גוטען באָדען און האָט אָנגעהויבען שנעל אַרויסצוגעבען גוטע פּירות.

— מען דאַרף זיך דערמאָנען וועגען אונזערע עולות — האָבען ענד-ליך גענומען טענה׳ען דיא אַרבייטער און האָבען בעשלאָסען צו סטרייקען. אום דיא זאַך גוט דורכצופֿיהרען — האָט מען גענומען פֿעררופֿען פֿערזאַמלונגען, אויף וועלכע זיי האָבען פֿערבעטען מענשען, וועלכע זיינען געווען מעהר ענטוויקעלט, און האָבען אַריינגעצויגען וואָס אַמאָל מעהר חברים, אום זיי זאָלען זיך פֿערנעהמען מיט דער אַנגעלעגענהייט און זיך גענוג איבערצייגען

וועגען איהר גערעכטיגקייט. אין דער צאָהל פֿון דיא לעצטע האָט זיך אויך געפֿינען פּאָפּיאָלעק.

אַלעס, וואָס ער האָט געהערט איז איהם געפֿעלען; וואָרים פֿאַר וואָס זאָל ער דען זיין זיך זעלבסט אַ שונא און ניט בעשטיין אויף העכערע שכירות? אויף דעם בלויזען געדאַנק, אַז ער וועט אַמאָל מעהר פֿערדיענען, האָט ער שוין אָנגעהויבען בויען פֿערשיעדענע פלענער, אין וועלכע דיא שעהנע יוזשאַ האָט פֿערנומען דעם הויפּט פּלאַץ. אויך זיא איז זעהר געוועזען בעשעפֿטיגט מיט דיזער אַנגעלעגענהייט, וואָס עס האָט נאָך מעהר פֿערשטאַרקט פּאָפּיאָלעק׳ס חשק. אָבער ווען ער האָט אַמאָל אַ טראַכט געטהאָן וועגען קאָזאַקען און זשאַנדאַרמען — איז איהם אַ שוידער דורך איבערן גאַנצען לייב. דיא פֿאַנטאַזיעס אָבער וועגען אַ בעסערע לאַגע האָבען שטענדיג גובר געווען.

„וויים איך וואָס! — האָט ער זיך געטראַכט — איך בין ניט קיין „פֿרייער" זיך אַרויסצושטעלען דער ערשטער, עס וועט מיר גאָר ניט זיין".

עס איז נאָך געווען נאַכט, ווען דאָס שאַרפֿע פּייפֿען פֿון דער דאַמפּף מאַשין האָט געלאָזט וויסען דיא אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך .היינט פֿער-זאַמעלט אויף דעם הויף פֿון פֿאַבריק, אַז דער אַרבייטס-טאָג פֿאַנגט זיך אָן. איבער דיא שוואַרצע מחנות מענשען האָט זיך אַרומגעטראָגען אַ געלעכטער.

— קענסט זיך פּייפֿען! — האָבען זיך אָבגערופֿען שטימען. קיינער האָט זיך ניט גערוהרט.

פֿון פֿאַבריק איז אַרויס אַ דערשראָקענער דער מייסטער.

— צו דער אַרבייט! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

עס איז ענטשטאַנען אַ געשריי, אַ גערויש, אַ מורמלעריי... דיא מייסטערס זיינען אומגעלאָפֿען וויא משוגעים, בעפֿעהלענדיג, בעטענדיג — עס האָט גאָרניט געהאָלפֿען.

— אַ בונט, אַ סטרייק! — האָבען זיי געשריען אין שרעק. עס האָט זיך באַלד בעוויזען דער פֿאַבריקאַנט אַליין, ווענמען דיזע קולות האָבען אויפֿגעוועקט פֿון זיין געשמאַקען שלאָף.

— נאַראָנים! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן, שטייענדיג אויף דער שוועל פֿון קאַנטאָר — איהר דאַרפֿט מיר ניט זאָגען, ויעגען וואָס אייך געהט, ווייל איך וויים שוין דאָס פֿריהער: עס האָט זיך אייך פֿערגליסט העכערע שכירות און אַ קלענערן אַרבייטס-טאָג. איהר מיינט אודאי, אַז יענע איז עס געלונגען — טאָ וועט איהר אויך אימשטאַנד זיין עפּעס אויסצופֿיהרען? איך בין ניט אַזאַ ווייבער! איהר זאָלט זיך מיר שוין צוריקקעהרען צו דער אַרבייט! שנעל!

עס האָט גענומען רוישען דיא מענשליבע מאַסע.

— האָסט געטראָפֿען, פּיאַוּוקע! — האָבען זיך געלאָזט הערען אייניגע שטימען — ווייל דו ווייסט גוט וועגען אונזער נויטה און בעדירפֿניסע! דו ביזט האַרט, אָבער אויך מיר וועלען ניט נאָכגעבען. בעצאָהל מעהר, וועלען מיר אַרבייטען.

— ד׳וועל ברענגען קאָזאַקען!

— גוט, זאָלען זיי פּאַר אונז אַרבייטען! — האָבען דיא פּערזאַמעלטע געענטפּערט און האָבען זיך געלאָזען געהן צום טויער.

— גזלן! ער פּאַשעט זיך מיט אונזער שווייס! — האָט מען געשריען.

דער פֿאַבריקאַנט איז אָבער געוועזען אַ ביטראַק און, איידער ער איז אַרויס אויף דעם געשפּרעך מיט דיא אַרבייטער, האָט ער דורכ'ן טעלעפּאָן געלאָזט וויסען דער פּאָליציי. דיא פּאָליציי איז שוין געוועזען בעאונרוהיגט און ווילד פֿון כעס, ווייל דער ערשטער סטרייק האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיעג פֿאַר דיא אַרבייטער, האָט זיא בעשלאָסען אָנצואווענדען אַלערליי מיטלען, אום צו פּערהינדערן אַז מעהר זאָל אַזעלכעס ניט פּאַסירען. ווען אַלזאָ, אונטער דעם דרוק פֿון דיא אַרבייטער הענד, האָט זיך דאָס טויער געעפּענט, האָבען זיך פֿון יענער זייט בעוויזען זשאַנדאַרמען און פּאָליציי.

— צו דער אַרבייט, סוואָלאַטשעס, פּוילענצער, סוקינסינעס! — האָט געריטשעט, וויא אַן עגלה ערופה, דער קאָמיסאַר.

— וואָס איז דאָס, שקלאַפּעריי? — האָט מען געענטפּערט — ווילען מיר אָרבייטען אַרבייט מען, און ווען זיי צאָהלען ווייניג — וואַרפען מיר דיא אַרבייט...

— שקלאַפּעריי צו ניט שקלאַפּעריי, אָבער בונטעווען זיך איז ניט ערלויבט! איך וועל אייך דאָ ווייזען, מיאַטיעזשניקעס, וואָס עס הייסט ניט האָרכען דעם פֿאַבריקאַנט און דעם צאַר!

דיא מייסטערס, האָבענדיג אַזאַ הילף, האָבען בעקומען קוראַזש; זיי האָבען גענומען רייסען דיא אַרבייטער, זידלען, טרייבענדיג זיי צו דער אַרבייט, דיא קאָזאַקען ווידער האָבען זיך געלאָזט וואָס אַמאָל נעהנטער צו דיא אַרבייטער.

זעהענדיג, אויף וואָס עס פּערנעהמט זיך דאָ, איז פּאָפּיאָלעק געוואָרען אַ פּערשטיינערטער. „שלעכט — האָט ער זיך געטראַכט — מען דאַרף מאַכען פּליטה."

אין דער צווייטער זייט הויף איז געוועזען אַ טהיר'ל; ער האָט אַלזאָ בעשלאָסען זיך אַרויסצוקריגען דורך איהר און בעהאַלטערנערהייד אונטער דעם מויער צו ענטלויפען. וויא ער איז נור וואָס אַרויס אויף דער גאַס און גע-נומען לויפען, האָט ער באַלד דערהערט הינטער זיך דאָס קלאַפּען פֿון פּערדישע קאָפּיטעס, און צוויי קאָזאַצקע נאַגייקעס האָבען זיך געקרויצט איבער זיינע פּלייצעס, ער איז אַנידערגעפֿאַלען. מען האָט איהם אַ כאַפּ געטהאָן פֿאַר'ן קאָלנער און צוריק אַריינגעשלעפּט.

— גיט איהם דאָ אַהער! — האָט געשריען אַ זשאַנדאַרמסקע אָפֿיציער, וועלכער איז נור וואָס אָנגעקומען — דאָס מוז געוויס זיין אַ ז אַ ט ש י נ ש ט ש י ק (אַנפֿיהרער).

דעם צו'הרג'עטען, דערשראָקענעם, האָט דיא פּאָליציי אַ כאַפּ געטהאָן און גענומען בעזוכען זיינע קעשענעס. מען האָט געפֿינען צוויי פּראָקלאַ-מאַציעס, אויפֿפֿאָדערנדיג אַוועקצולייגען דיא אַרבייט.

— וואַרט, הונד איינער, איך וועל דיר דאָ ווייזען צו בונטעווען מענשען! — האָט געליאַרמט דער קאָמיסאַר.

— ד׳בין ניט קיין זאַטשינשטשיק, ד׳בין ניט קיין זאַטשינשטשיק! — האָט זיך געבעטען אַ פּערציטערטער פּאָפּיאָלעק — דאָס האָט מיר געגעבען וואָיטעק און פּראַנעק.

— נידערטרעכטיגער! — האָט מען פון דער מענגע געשריען.

דערווייל האָט זיך דיא אַ־אַקע צווישען דיא קאָזאַקען און פּאָליציי פון איין זייט און דיא אַרבייטער פון דער אַנדערער, אַרויסגעוויזען וואָס אַמאָל פּאַר מעהר געפעהרליך. דער זשאַנדאַרמסקער אָפּיציער האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ער האָט צו ווייניג קרעפטען, ווייל ער האָט זיי איצט ניט געקענט ברענגען אין אַ גרעסערע צאָהל.

— לאָזט זיי אַרויס, דיא נאַראָנים, ווען זיי פּער׳עקשן׳ען זיך אַזוי שטאַרק! — האָט ער געגעבען אַ בעפעהל — אין קורצען וועלען זיי זעהן, צו וואָס דאָס פיהרט...

דיא אַרבייטער זיינען זיך צוגאַנגען און דיא פּאַבריק איז געבליבען שטיל און טוידט. פּאָפּיאָלעק׳ן האָט מען אַרעסטירט.

„אָט האָב איך זיך פערשאַפט אַן עסק! — האָט ער זיך פערטראַכט אין „חדר״ — ווען איך וואָלט געוועזען וויסען, זאָלען זיך דאָרט אַנדערע פער־לאַנגען העכערע שכירות, און איך וואָלט דאָס זעלבע געקענט עררייכען, ניט איינשטעלענדיג זיך״. און ווען מען האָט איהם גערופען צום פערהער, האָט ער אַליין, ניט פרעגענדיג ביי איהם, דערצעהלט אַלעס, וואָס ער האָט נור געוואוסט אָדער געהערט.

— ד׳וועל שוין קיינמאָל ניט מעהר, אַבי לאָזט מיך נור אַרויס! — האָט ער זיך געבעטען.

— מיר וועלען דיך אַרויסלאָזען, מיר וועלען דיך אַרויסלאָזען, — ווען דיא זאַך וועט נור זיין קלאָהר — האָט דער זשאַנדאַרם געענטפערט. דערווייל זיינען איבערגעלאָפען טעג, וואָכען, חדשים, און פּאָפּיעלעק איז אַלץ ווייטער געזעסען אין קאָזע. ענדליך, ווען ער האָט זיך אַם מעהרסטען גערוכט דיא בעפרייאונג, — האָט מען איהם פאָרגעלייענט זיין פסק, וועלכער האָט איהם בעשטראָפט פּאַר סטרייקען און פּראָפּאַגאַנדירען אויף אַ האַלב יאָהר תפיסה.

ער האָט אַלזאָ געהאַט גענוג צייט צום טראַכטען. פון דער סלעדסטווא, בעגעגענען זיך אויף דעם קאָרידאָר א. ז. וו., האָט ער זיך דערוואוסט, אַז צוליעב איהם האָט מען אַרעסטירט נאָך פיעלע אַנדערע. טהייל מאָל האָט זיך אין איהם אָבגערופען דאָס געוויסען: „איך האָב אַזוי פיעל מענשען אומגליקליך געמאַכט און זיך האָב איך גאָרניט געהאָלפען״ — האָט ער זיך געטראַכט. באַלד האָט ער זיך אָבער געגומען גערעכט מאַכען: „צו האָב איך זיי דען געבעטען, זיי זאָלען מיך אריינשלעפען, האָב איך דען געשוואָרען צו שווייגען? ווען איך וואָלט ניט געווען אַלץ אויסגעזאָגט, וואָלט מען מיך אפשר אויפגעהאָנגען אָדער פערשיקט אויף קאַטאָרגע. איבעריגענס, וואָס אַהרט מיך זייער אומגליק!״

און ער איז אַרויס פֿון טורמע מיט דער איבערצייגונג, אַז זיין געוויסען איז ריין, וויא אַ טרעהר. ער האָט זיך דערוואוסט וויא דער סטרייק איז צו-געגאַנגען: ער איז געווען שטאַרק, אבער דיא רעגירונג האָט בענוצט אַלער-ליי מיטלען, אום איהם צו דערשטיקען, און זיא האָט ענדליך עררייכט איהר ציעל מיט'ן אַרויסשיקען דיא פֿער'עקשן'טע סטרייקער אין זייער געבורטס אָרט און מיט'ן בעפֿעהלען דעם פֿאַבריקאַנט אַראָבצוברענגען אַרבייטער פֿון ווייטע געגענדען. אָבער דאָך, ווען מען האָט אויף דאָס ניי אָנגעהויבען צו אַרביי-טען — האָט מען געהעכערט דיא שכירות. זיי האָבען זיך אויך געהויבען איבעראַל, ערשטענס דערפֿאַר, ווייל דיא אַרבייטער האָבען אין פֿיעלע פלעצער אָנגעהויבען פֿאָדערן אַ העכערן פרייז, צווייטענס, ווייל דיא צייט האָט זיך פֿערבעסערט דורך דעם, וואָס עס איז געווען אַ סך אַרבייט. אַ דאַנק דעם, האָט פאָפּיאָלעק אין קורצען בעקומען אַרבייט און עס איז איהם געווען פֿיעל בע-סער, וויא פֿריהער.

און ווען ער האָט זיך שוין געהאַט איינגעאָרדענט און געוואָרען אַ שטיקעל בעל הבית'ל, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער שעהנער יוזשאַ. אין אַ יום טוב טאָג, האָט ער זיך אויסגעסטראָיעט און איז אַוועק צו איהר מיט'ן געדאַנק איהר זיך אין ליעבע צו ערקלערען.

דיא איבערגעלאָפֿענע צייט פֿון יענעם סטרייק איז פֿאַר איהר געווען אַ גוטער רבי. צוליעב פאָפּיאָלעק'ס מודה זיין זיך האָט זיא זיך אויך בעקענט מיט דער תפיסה. ער האָט אין אמת'ן ניט אָנגעוויזען אויף איהר ממש, אָבער ווען מען האָט אָנגעהויבען סלעדעווען און אַרעסטירען איהרע בעקאַנטע — האָט מען אויסגעפֿינען נאָך פֿיעלע אַנדערע. דיא טורמע האָט איהר איבער-געמאַכט פֿון אַ לייכטזינניגעס און נאַאיוועס מעדכען — אויף אַן ערנסטע און דענקענדע פערזאָן. זיא איז שעהנער געוואָרען — איהרע אויגען האָבען בעקומען עפּעס אַ טיעף געהיימניספֿאָלען בליק, דאָס געזיכט אַן אויסדרוק פֿון אינטעליגענץ און איידעלע געפֿיהלען. מען האָט זיא איבעראַל געליעבט פֿאַר איהר לאָגישען פֿערשטאַנד, עהרליכקייט און איבערגעבענהייט צו דער אַרביי-טער זאַך.

זיא האָט פאָפּיאָלעק'ן אויפֿגענומען קאַלט, און ווען ער האָט איהר ערקלעהרט זיינע געפֿיהלען, — האָט זיא איהם עפֿענטליך געענטפֿערט, אַז זיא קען דיזען פֿאָרשלאַג ניט צו נעהמען, שוין בלויז דערפֿאַר, וואָס ער שטאַמט פֿון אַ פֿעררעטהער.

דיזע ווערטער, וועלכע זיינען געוואָרען אַרויסגערעדט פֿון דער גע-ליעבטער פערזאָן, זיינען פֿאַר פאָפּיאָלעק'ן געווען אַ פאַטש אין פנים. ער איז געוואָרען רויט וויא אַ צוויק, און האָט זיך גענומען פֿערענטפֿערן: סטייטש, ער האָט דאָך ניט גע'מסור'ט פֿון זיין אייגענעם ווילען, ווייל עס האָט זיך איהם אַזוי פֿערגלוסט, ער איז אָבער געווען געצוואונגען דערצו, אום זיך זעלבסט צו רעטען, און ער האָט דאָך קיינעם ניט פֿערשפראָכען צו האַלטען עס בסוד. ער איז אויך אַן אַרבייטער, זיינע חברים קען ער קיין שלעכטעס ניט וואונשען, ער איז אָבער געווען אין אַזאַ פֿערלעגענהייט, דאָס יעדער איינער אויף זיין אָרט וואָלט דאָס זעלבע געטהאָן.

— און ווארום האָט ניט פערראטהען פראנעק, וולאַדיסלאַוו, יאַן און פיעלע אַנדערע? — האָט מיט כעס געפרעגט דאָס מעדכען — ווייל זיי זיי-נען עהרליך און איידעל, ווייל זיי ליעבען דיא אַרבייטער זאַך מעהר פון זייער לעבען און גליק, און פאַר דיא געגאָסען זיינען זיי בערייט דאָס בלוט צו פערגיסען, זיך מוסר נפש זיין. אונווירדיגער, ווילסט זיך נאָך גערעכט מאַכען? צו ביסטו געוועזן אַ קינד, וועלכעס האָט ניט געוואוסט וועגען דיא פערפאָלגונגען פון דער רעגירונג? און אויב דו האָסט געוואוסט וואָס פאַר אַ פעראַנטוואָרטליכקייט עס ליגט אויף דיא אַגיטאַטאָרען, און האָסט ביי זיך ניט געשפירט אַ גענוג פעסטען גייסט, אום אין אַ געפאַהר צו קענען האַלטען אַלעס בסוד, — האָסט דו זיך געדאַרפען צוריקציהען באַלד אין אַנפאַנגס; זיען דו ביזט אָבער פערבליבען — האָסטו געדאַרפען זיין שטום. האָסט פערראַטהען, ווייל דו ביזט אַ פאָדלער יונגאַטש, ווייל דיין נשמה איז אַ ני-דערטרעכטיגע, אַ קליינליכע, אַן עגאָיסטישע, ווייל דיין כאַראַקטער איז אַ פינסטערער. זאָלסט זיך מיר שוין ווינאָשען פון מיינע אויגען!

און פאָפיאָלעק איז אַרויס אַ פערביטערטער, נידערגעשלאָגענער, בייז...

ער וואָלט איהר וועלען האַסען, ער האָט אָבער געפיהלט, אַז ער איז דאָס ניט אימשטאַנדע; ער האָט געקלערט וועגען מיטלען אום זיך נוקם צו זיין, און ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט בשום אופן ניט קענען ראַכע נעהמען; ווייל דער נאָבעלער גייסט, פעראייניגט מיט'ן שעהנעם קערפער, האָט איהם בעצויבערט, פערבלענדעט, ווייל אין איהר קליין צימער'ל האָט ער איבערגע-לאָזען דאָס בעסטע טהייל'כעל פון זיין אָרים נשמה'לע. ער האָט זיך געבי-סען דיא פינגער, אויסגעקנייפט שטיקער פלייש, געוויינט, געשאָלטען, עס האָט איהם אָבער אַלץ געדוכט, אַז אָהן איהר וועט ער ניט קענען לעבען. ער האָט אַלזאָ בעשלאָסען איהר צו בעזיצען, איבערבעטען, און דער איינציגער וועג צו דיזען איז געוועזן זיך איבערגעבען דער אונלעגאַלער אַרבייט. „וואָס קען מען זיך העלפען! — האָט ער זיך געטראַכט — איך וועל איינשטעלען דאָס לעבען".

אין דער פאַבריק האָבען זיך אין דער צייט פערנומען אייניגע אינטע-ליגענטערע אַרבייטער מיט אויפקלערען זייערע חברים. וועגען פאָפיאָלעק'ן האָט מען געוואוסט, אַז ער איז געזעסען אין קאָזע פאַר אַ סטרייק, אָבער וועגען זיין האַלטען זיך אויף דער סלעדסטווא האָט מען ניט אָנגעהויבען וויסען. ווען ער האָט אַלזאָ פאָרגעשלאָגען, אַז ער וויל אויך עפעס טהאָן, האָט מען איהם צוגענומען מיט אָפענע אַרעמס. פאָפיאָלעק האָט זיך ערנסט גענומען צו דער אַרבייט, ניט זשאַלעוועדיג קיין מיה און צייט. ער האָט געשטרעבט, אַז דיא נאַכריכט וועגען זיין טהעטיגקייט זאָל וויא אַם שנעלסטען אָנקומען צו יוזשאַ'ן. מען האָט אָנגעהאַלטען פערזאַמלונגען, אויף וועלכע עס איז ער-קלערט געוואָרען דיא ווייניגער ענטוויקעלטע אַרבייטער זייערע אינטערעסען און דיא לאַגע.

„דיא וועלט איז נאָך ווייניג בעוואָהנט און בעזיצט אונגעהויערע אוצרות פון דער נאַטור, — איז געוואָרען גערעדט — אויף איהר וואָלטען

זיך נעקענט לעבען בעקוועם הונדערטער מאָל אַזוי פֿיעל מענשען, וויא היינט. דעם מענש אוז געלונגען צו בעהערשען און אויסצונוטצען אַ קליינע טהייל נור פֿון דיא רייכטהימער, וועלכע רינגלען איהם אַרום, ווייל ער קען זיך ניט אַזוי איינאָרדנען, אַז יעדער איינער זאָל קענען גינסטיג בענוטצען זיינע קרעפֿטען. קוקט זיך נור אַרום, און איהר וועט דערזעהן מענשען אויף דיא העכסטע שטופֿען פֿון רייכטהום און מאַכט, דאָס אַנדערע, געוועהנליכע בשר ודם׳ס, אין פֿערגלייך מיט זיי זעהען אויס, וויא קליינע פֿליגעלעך געגען העלפֿאַנדען. דיזע פֿליגעלעך, דאָס זיינען דיא מאַסען אויסגעבויטעטע אַרבייטער, און זייער קראַפֿט, וועלכע דרימעלט נאָך פֿאַרלויפֿיג, וועט אַמאָל דיא וועלט איבערבויען! ביז איצט פֿערלירט אַן אונגעהויערע צאָהל מענשען איהר פראַצע אין אַן אונגינסטיגען אַרט, צוגעשמיעדט צו אַן אונפּרוכטבאַרעס שטיקעל פֿעלד, זייענדיג אַ שפיעל-צייג אין דיא טייפֿעלשע לאַפּעס פֿון דער בלוט-דורשטיגער רעגירונג, פֿינסטער און הילפֿלאָז, ניט האָבענדיג דיא נויטיגע געצייג און מאַשינען; אָדער אַרבייטענדיג אין בלוטיגען שוויס אין דיא פֿאַבריקען, פֿערדיענענדיג קוים אויף דיא נויטיגסטע בעדירפֿניסע, אָדער אָפֿט מאָל ניט האָבענדיג אין גאַנצען קיין בעשעפֿטיגונג, שטאַרבט מען פֿון הונגער. פֿון דיא שווערע אַרבייט בעקומען דיא אַרבייטער נור עטוואָס, אום דאָס לעבען צו דערהאַלטען, אום צו קענען ווייטער אַרבייטען, און דיא גרעסטע טהייל פֿון זייערע פֿערדיענסטען נעהמט צו דיא רעגירונג און דיא קאַפּיטאַליסטען. ניט דערפֿאַר עקזיסטירט נויטה אויף דער וועלט, ווייל עס איז דאָ צו ווייניג רייכטהום, נור ווייל דיא מעכטיגע פֿון דער וועלט ראַבעווען צו דיא פֿרוכטע פֿון דער מענשליכער אַרבייט און דאַדורך, וואָס פֿיעל מענשליכע קראַפֿט ווערט אויסגעבראַכט אָהן אַ שום נוטצען. עס וועט אָבער קומען אַ צייט, אז דיא אויסגעבויטעטע וועלען בעגרייפֿען זייער לאַגע, וועלען פֿעראייניגען זייערע קרעפֿטען און, פֿרייע אָהן אַ יאָך, וועלען זיי זיי בענוטצען צו בעשאַפֿען זייער אייגען גליק. דיא אַרבייטער קעמפפֿען איצט מיט דער עקספלאָאַטאַציאָן, פֿעראייניגען זיך, ווערען ציעל-בעוואוסט, אָרגאַניזירען זיך — אָבער דער הויפט ציעל פֿון זייער אַרבייט איז נוט נור צו עררייכען פֿון צייט צו צייט קליינע נאָכגעבונגען פֿון דיא קאַפּיטאַליסטען, נור אין גאַנצען אונטערצוברענגען דיא אונטערדריקונג און אויסבויטונג".

אַזעלכע און אַנדערע שעהנע און קלוגע זאַכען איז דאָרט געוואָרען גערעדט: דער ערפֿאָלג אָבער פֿערבלענדעט, און וואָס מעהר דיא אַרבייט איז מיט גליק געגאַנגען פֿאָרווערטס, אַלץ ווייניגער פֿאָרזיכטיגקייט האָט מען דאָרט געהאַלטען. ענדליך האָט דאָס דערשמעקט איינער פֿון דיא מייסטערס און האָט עס אָבגעטראָגען צום פֿאַבריקאַנט; דיזער האָט געלאָזט וויסען דעם פֿאַבריטשנע אינספעקטאָר, דער אינספעקטאָר ווידער האָט זאָפֿאָרט געגעבען אַ ידיעה דער זשאַנדאַרמעריע, אַז אין דיזע און דיזע פֿאַבריק ווערט געפֿיהרט סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ.

דער ראָטמייסטער בורסאַ איז געווען אַ כיטראַק און דעריבער איז ער צו ערשט אריינגעגאַנגען אין פֿאַבריק און זיך געהייכען דערלאַנגען דאָס בוך,

אין וועלכען עס זיינען פֿערצייכענט אַלע אַרבייטער. ער האָט עס אויפֿמערק-זאַם דורכגעקוקט און האָט אַ בורטשע געטהאָן:

— אָ! עס זיינען דאָ פֿאַראַן פֿויגעלעך, וועלכע קענען זינגען.

ווען פּאָפּיאָלעק איז געקומען פֿון דער אַרבייט און זיך גענומען אָב-רוהען, איז אַריין דער רעווירוואָוע, דערלאַנגענדיג איהם אַ פּאָוויעסטקע זיך צו צושטעלען אין ראָטמייסטער בורסאַ'ס פּריוואַט וואָהנונג. ער איז געוואָרען שטאַרק בעאונרוהיגט, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס עס געהט. אויף צו מאָרגענס איז ער מיט אַ האַרץ פֿול מיט שרעק אַוועק אַהין. עס האָט איהם אויפֿגענומען אַ בלאָנדער מאַן פֿון מיטעלע יאָהרען מיט גרויסע וואָנסען אין דער פֿולער גלאָריע פֿון אַ רוסישען זשאַנדאַרם.

— נו, פֿריינד, איז דיר גוט געווען אין קאָזע? — האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן.

דער הערר ראָטמייסטער מאַכט חוזק? ·· האָט ער מיט הכנעה געענטפֿערט.

— און דו וואלסט געוואָלט זיך ווידער דאָרט אַריינקריגען?

— זאָלען מיינע שונאים דאָרט זיצען, און ניט איך!

— דו וועסט טאַקי יאָ זיצען! — האט בורסאַ געענטפֿערט, אָננעה-מענדיג אַ שטרענגען טאָן. וואָס דענקסטו זיך, אַז איך ווייס ניט פֿון דיינע מעשים? ווער דען בונטעוועט דאס, אויב ניט דו, דיא אַרבייטער אין פֿאַבריק, פֿעררופֿט פֿערזאַמלונגען, ברענגט צו פֿיהרען אויף זיי אינטעליגענטען, צוטהיילט בראָשורען? פּאַסען וועל איך פֿון דיר שינדען, אַזוי וויא אַ הונד וועל איך דיך אויפֿהענגען! — האָט ער געמאַכט קולות.

— הערר ראָטמייסטער! — האָט אויסגעשריען קוים אַ לעבעדיגער פּאָפּיאָלעק — דאָס איז ניט אמת, ביי אונז איז רוהיג, און יעדענפֿאַלס איך האָב פֿון דעם אַלעם קיין שום ידיעה ניט.

— האָסט נאָך דיא חוצפה צו לייקענען, דו עזות פנים איינער, מיאַ-טיעזשניק! — האט אַ געשריי געטהאָן בורסאַ. איך וועל דיר, פֿויגעלע, דאָס צינגעל אונטערהאַקען, און דאַן וועסטו שוין ריידען! נעהמט איהם צו! — האט ער זיך געווענדעט צו אַ זשאַנדאַרם.

אונטער דעם אומגליקליכען האָבען געציטערט דיא פֿיס, אין'ם קאָפּף האט זיך איהם געמישט פֿון שרעק; ער האָט פֿערגעסען אָן יוזשאַ'ן און דיא שעהנע פּלענער, אויך אָן דיא גענאָסען, עס איז נור פֿעֶרבליבען בלויז איין געדאַנק — צו רעטען זיך. ער איז געפֿאַלען אויף דיא קניע און געקושט דעם זשאַנדאַרמס הענד, בעטענדיג מיטלייד.

— וועסטו זאָגען? — האט געפֿרעגט דער אָפֿיציער כלומר'שט אַביסעל ווייכער.

— ד'וועל זאָגען — האָט ער געענטפֿערט.

מען האָט איהם געגעבען פּאַפּיר און געהייסען שרייבען. מיט אַ ציט-רענדע האַנד האָט ער געשריבען איין נאָמען נאָכ'ן אַנדערן, און ביים זשאַנ-דאַרם זיינען שיער ניט אַרויסגעשפּרונגען דיא אויגען פֿון קאָפּף אויס גרויס

נייגעריגקייט. אָבער פלוצלינג האָט זיך איהם עררינערט יוזשאַ'ס עדעלע געזיכט פֿול מיט כעס. „איך האָב זיך בעשמוצט, זיא וועט מיך ניט ווע-לען!" — האָט ער געטראַכט. ער האָט שנעל צונויפֿגעקנייטשט אין דער האַנד דאָס פאַפּיר און עס געוואָלט אַראָבשלינגען. צוויי זשאַנדאַרמען זיינען אויף איהם אַרויפֿגעשפּרינגען, צודראַפּעט איהם דאָס פּנים, אויפֿגעריסען דיא ציין און ענדליך אַרויסגעקריגען דעם דאָקומענט, וועלכער איז פֿאַר זיי געווען זעהר טהייער. בורסאַ, זעהענדיג, אַז ער האט פֿאַר זיך אַ בריאה, אויף ווענען איבערשרעקען ווירקט, האָט געדונערט מיט סטראַשונקעס אין קללות, און אויפֿ'ן סוף האָט ער איהם דערלאַנגט אַ שטאַרקען פּאַטש.

און פּאָפּיאָלעק האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט שרייבען און, חאָטש דאָס האַרץ האָט זיך איהם פֿערקלעמט פֿון יסורים און עס האָט געקרעכצט דאָס געוויסען, האָט ער געשריעבען און געשריעבען, ביז ער האָט ענדליך געענדיגט און זיך אונטערגע'חוסמ'ט. בורסאַ האָט גענומען דאָס פּאַפּיר און עס אויפֿמערקזאַם דורכגעלעזען, וואַרפֿענדיג אַמאָל אַ בליק אויף פּאָפּיאָ-לעק'ן, וועלכער איז אַ פֿערציטערטער געשטאַנען פֿאַר איהם, וויא אַ לעבעדיג בילד פֿון נידערטרעכטיגקייט און מאָראַלע נויטה.

— וואָס זאָל איך דאָ מאַכען מיט דיר? — האָט ציהענדיג דיא ווערטער געזאָגט בורסאַ — אין אמת'ן האָט מען דיך געדאַרפֿט אַרעסטירען, אָבער... הם... ווען דו האָסט זיך עפֿענטליך מודה געווען, טאָ וואָלט איך דיך אפשר געקנט פֿריי לאָזען...

— הערר נאַטשאַלניק! — איז ער קוים אימשטאַנדע געווען אַרויסצו-ריידען, און אַ שמחה האָט אַ שיין געטהאָן אויף זיין נידערגעשלאָגען געזיכט פֿון אַ הינדישען אויסזעהן.

— אָבער געדענק — האָט ווייטער גערעדט דער זשאַנדאַרם — אַז איך קען דיך אין יעדע מינוט אַרעסטירען. נו, האָב מיר אַ גוטען שליט-וועגס! געה!

פּאָפּיאָלעק איז אַרויס אויף דיא שפּיץ פֿינגער, און ווען ער איז שוין געווען אויף דער גאַס, האָט ער גענומען לויפֿען מיט אַלע כוחות. ענדליך האָט ער זיך אָבגעשטעלט אַ פֿערמאַטערטער. דאָס ערשטע געפֿיהל איז גע-ווען אַ שמחה פֿון דער פֿרייהייט, — פּאַמעלעך אָבער איז עס איבערגעגאַנ-גען אין אַ שטראָם פֿון זעהר ביטערע געפֿיהלען. „איך האָב פֿערראַטהען צום צווייטען מאָל, — האָט ער געטראַכט — איך בין אַ לומפּ, אַ שורקע!" אַ פחד האָט איהם דורכגענומען, ווען ער האָט אַ קלער געטהאָן, וואָס עס וועט זיין מיט דיזע, וועלכע ער האָט אויסגעגעבען. ער האָט געוואָלט לוי-פֿען וואָס שנעלער צו וויסען געבען, מודה זיין זיך פֿאַר דיא גענאָסען אין אַלעם, אָבער ער האָט זיך אָבגעהאַלטען. „פֿאָר אַלעם — האָט ער זיך געטראַכט — וועט מיך בורסאַ דערפֿאַר געוויס אַרעסטירען, צווייטענס — איך וועל זיך בעשמוצען אין אַלעמענס אויגען און יוזשאַ וועט מיר שוין קיינמאָל ניט מוחל זיין, און דערווייל ווייס דאָך נאָך קיינער ניט פֿון מיין אויפֿפֿיהרען זיך ביי בורסאַ און עס קען זיין, אַז עס וועט טאַקי קיינער קיינ-

מאָל ניט וויסען." ער האָט נור בעשלאָסען צו האַלטען זיך פֿון וויטען פֿון אירגענד וועלכע קאָנספּיראַטיווע אַרבייט, ווייל ער האָט געפֿיהלט, אַז ער איז ניט ווערטה צו בעשעפֿטיגען זיך מיט איהר און קען נאָך ווידער זיין דיא אורזאַכע פֿון פֿעררעטה. ער האָט אויפֿגעהויבען דיא האַנד אין דער הויך און אויסגערופֿען: „איך שווער דיר, גרויסער גאָט, צו בעזייטיגען זיך פֿון אַלעם, צו פֿערשטאָפּען דיא אויערן, ווען מען וועט נעבען מיר ריידען, צו פֿערמאַכען דיא אויגען, ווען עס וועט עפּעס אַרום מיר געטהאָן ווערען. און אויב איך וועל ניט האַלטען דיא שבועה, צורייב מיך וויא אַ וואָרעם!" און אַ בערוהיגטער איז ער צוריק אַהיים אין דער איבערצייגונג, אַז ער איז ריין, וויא קריסטאַל.

און עס האָבען זיך אָנגעהויבען אַרעסטען. מען האָט איינגעשפּאַרט אין טורמע פֿיעלע, זעהר פֿיעלע, ניט נור דיזע, וועלכע פּאָפּיאָלעק האָט אָנגעוויזען, ווייל אין אַ גרעסערע צאָהל אַרעסטירטע געפֿינט זיך שטענדיג אַ קליין נשמה'לע, וועלכע איז ניט פֿעהיג צו האַלטען אַלעס בסוד. און פּאָפּיאָלעק האָט זיך צו דעם אַלעם רוהיג צוגעקוקט; עס האָט איהם קיינער גאָרניט חושד געווען. ער האָט נור געטראַכט וועגען דעם, וויא אַזוי איבער-צובעטען יוזשאַ'ן. דיא אַרבייט אָבער האָט ניט אויפֿגעהערט, טראָטץ דיא אַרעסטען, ווייל אַזאַ לעבעדיגע אידעע, וויא עס איז דיא אַרבייטער זאַך, קען ניט אויפֿהערען חאָטש דיא רעגירונג פֿערפֿאָלגט איהר. אויף דעם פּלאַץ פֿון דיא אַרעסטירטע האָבען זיך געיאַוועט נייע מענשען און האָבען ווייטער פֿאָרטגע-זעצט דיא אָנגעפֿאַנגענע אַרבייט. מען האָט זיך געווענדעט צו פּאָפּיאָלעק'ן, וועגען וועלכען מען האָט געהערט, אַז ער איז אַן אַגיטאַטאָר, איהם פֿאָרגע-שלאָגען ער זאָל אַנטהייל נעהמען אין דיזער אַרבייט. ער האָט ענטזאַגט, פֿערענטפֿערנדיג זיך דערמיט, אַז מען האָט אויף איהם אַ חשד, און מען שפּיאָ-נירט איהם נאָך.

מיט אַמאָל האָט ער ווידער בעקומען אַ בעפֿעהל זיך צו שטעלען פֿאַר דעם שטרענגען ראַטמייסטער בורסאַ. ווען ער איז אַהין געקומען — האָט זיך דער זשאַנדאַרם אין איהם גוט איינגעקוקט, מאַכענדיג אַ כיטרע שמייכעלע, וועלכעס האָט זיך מיט ס'געוואַלד אַרויפֿגעדרוקט אויף דיא ליפּען.

— וויא דוכט זיך דיר — האָט ער זיך ענדליך אָבגערופֿען — נאָך וואָס האָב איך דיך פֿריי געלאָזען?

— דערפֿאַר — האָט פּאָפּיאָלעק געענטפֿערט מיט אַ זויערליך, חונף'-דיג געלעכטער'ל — אַז איך זאָל זיך לעבען רוהיג און אין קיין שום זאַך מעהר ניט מישען.

— דוקא ניט דערפֿאַר. דו דאַרפֿסט טאַקי נעהמען אַנטהייל אין יעדע אונלעגאַלע אַרבייט און אויך אַנדערע אָנצורייזען דערצו.

— סטייטש, וויא אַזוי דאָס? — האָט ער געפֿרעגט אַ פֿערוואונדער-טער — איהר וואָלט דאָך מיך באַלד אַרעסטירט?

— און פֿאַר וואָס האָסטו מיר גאָר קיין נייעס ניט געבראַכט? —

האָט דער זשאַנדאַרם געענטפֿערט — אויב עס וועט ווייטער אַזוי געהן, טאָ וועל איך דיך אודאי אַרעסטירען.

— פֿאַר וואָס וועט איהר מיך אַרעסטירען? איך מיש זיך דאָך שוין מעהר אין קיין שום זאַך ניט...

— און פֿאַר וואָס האָסטו מיר באַלד ניט אויסגעזאָגט אַלעס אויף אַמאָל? האָסט פֿערשוויגען פֿיעלע פֿון דיינע זאַכען. זעהסט, וויא אַ נאַר דו ביזט. דענסטמאָל, חאָטש איך האָב געסטראַשעט, אָבער איך וואָלט דיך ניט אַרעסטירט, ווייל איך האָב קיינע בעווייזע ניט געהאַט, אָבער איצט זעה!...

ער האָט אַרויסגענומען צוויי בויגען פֿערשריעבען פאַפּיר און דערלאַנגט פּאָפּיאָלעק׳ן. דיזער האָט אַ קוק געגעבען און אַ ציטער געטהאָן: דאָס זיינען געווען דיא פּראָטאָקאָלען פֿון דיא אַרעסטירטע, אין וועלכע זיי האָבען זיך מודה געווען און אונגעוויזען אויף איהם, אַלס דער הויפּט אַגיטאַטאָר. אין פּאָפּיאָלעק׳ן האָבען זיך געביטען דיא קאָלירען, דאָ איז ער געוואָרען בלאַס רויט. בורסאַ ווידער האָט אויף איהם געקוקט מיט אַ מינע פֿון צופֿריעדענ־הייט. ענדליך איז ער אויסגעבראָכען מיט אַ געלעכטער.

— חאַ, חאַ, חאַ! ווערסט זיין מיין הונד׳ל — האָט בורסאַ זיך אָנגע־רופֿען — אָדער וועסט געהן אויף סיביר. ביזט אַריינגעפֿאַלען, אמת? דער־צעהל מיר שוין ניט מעהר, אַז דו ווייסט גאָרניט, וואָרים איך ווייס אויך עטוואָס. איצט געה זיך, אָבער ווען דו ברענגסט מיר ניט עפּעס נייעס אין אַ וואָך אַרום, וועל איך דיך אַרעסטירען, וויא מיר האָבען אַ גאָט אין הימעל!

דיא וואָך איז שוין געווען צו ענדע, און פּאָפּיאָלעק האָט אַלץ אָנגע־פֿיהרט אַ קאַמפּף מיט זיך. ער וואָלט זיך אפשר גאָרניט אָבגעהאַלטען, עס האָט איהם אָבער געשטערט דער געדאַנק, דאָס יוזשאַ זאָל זיך ניט דערווי־סען, און ווידער — דיא שבועה. ענדליך האָט ער בעשלאָסען צו זאָגען זיינע בעקאַנטע, וואָס בורסאַ פֿאָדערט פֿון איהם. דיזע, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, האָבען בעקומען צו פּאָפּיאָלעק׳ן נאָך מעהר צוטרויען, ניט ווי־סענדיג, אַז ער איז דערמיט נור אויסען געווען זיי פֿון זיך אָבצושטויסען און נושא חן צו זיין אין יוזשאַ׳ס אויגען. ענדליך האָט ער זיך געמאָלדען צו בורסאַ׳ן און איהם דערצעהלט מעשיות, וואָס זיינען ניט געשטויגען, ניט גע־פֿלויגען ווענען בעקאַנטשאַפֿט, וואָס ער האָט געמאַכט.

עס איז אַוועק נאָך אַביסעל צייט, ווען פלוצלינג אין מיטען דער נאַכט האָבען זשאַנדאַרמען געמאַכט אַ וויזיט ביי פּאָפּיאָלעק׳ן. ניט ריידענדיג קיין וואָרט און ניט פֿרעגענדיג קיין שום זאַך, האָבען זיי איהם מיט זיך מיטגענו־מען און איהם אַריינגעפאַקט אין קאָזע, וואו ער איז געזעסען דריי וואָכען מיט דעם געדאַנק, דאָס ער איז שוין פֿערלוירען אָהן אַ רעטונג. ענדליך איז ערשיענען בורסאַ. ער איז געשטאַנען אויפֿ׳ן שוועל און געשמייכעלט.

— אַ נו, פֿויגעלע, האָסט מיר עפּעס פֿאַלש געזונגען! — האָט ער געזאָגט — דו דענקסט, אַז אָהן דיר קען איך שוין גאָרניט וויסען!... און דערוויל האָבען מיינע אַגענטען אויסגעפֿינען, אַז דו האָסט מיר געלייקענט.

איצט, אויב דו ווילסט אַרויס פֿון דאַנען, מוזטו מיר חאַטש איינינע נעמען אויפֿגעבען.

„וואָס קען איך טהאָן" — האָט ער זיך געטראַכט און האָט גענומען אויסרעכענען פערשיעדענע נעמען. בורסאַ האָט פֿערציייכענט און געזאָגט, פֿערטראַכטענדיג זיך:

— נו, זעהסטו, וויא אַ גוטער איך בין; נאָך איין מאָל וועל איך דיך אַרויסלאָזען, אָבער דו מוזט שוין ערנסטער פֿאַר מיר אַרבייטען!... נאָך איי־ניגע טעג וועסטו זיצען, ביז איך וועל ניט אַרעסטירען דיזע, וועלכע האָסט מיר איצט אָנגעוויזען, און דערנאָך וועסטו אַרויס און זיך נעהמען צו דער אַרבייט! דיין זיצען אין קאָזע וועט זיין אַ גוטע פעולה, ווייל עס וועט ערוועקען צו דיר מעהר צוטרויען.

פאָפּיאָלעק איז אַלזאָ ווידער פֿריי געווען, און פֿון דיא אַלטע קלאָפּאָ־טען האָט ער זיך אויף אייביג אָבגעטרייסעלט. „וואָס איז דאָס מיין עסק! — האָט ער געטראַכט — זאָלען זיי זיך דאָרט ליידען, סטייטש, איך וועל דאָך ניט ליידען אַליין פֿאַר זיי." און־בלויז דיא עררינערונגעז וועגען יוזשאַ'ן האָבען איהם נאָך געשטערט דיא רוהע פֿון זיין נידערטרעכטיגע נשמה. ער האָט געציטערט אויף דעם געדאַנק, אַז זיין נייע ראָלע וועט ווערען בעוואוסט און זיא וועט זיך וועגען אַלעם דערוויסען.

דאָס, וואָס ער האָט מורא געהאַט — איז ענדליך מקוים געוואָרען. מען האָט בעמערקט, אַז אַלע, וועלכע טהוען עפעס מיט פאָפּיאָלעק'ן ביי־זאַמען, פֿערשיטען זיך אין קורצען. עס האָט זיך פֿערשפרייט דיא ידיעה, אַז פאָפּיאָלעק איז אַ שפיאָן, און מען האָט זיך גענומען פֿון איהם בעזייטיגען. ער איז אַלזאָ אַוועק צו בורסאַ מיט אַ קלאַגע.

— וואָס זאָל איך טהאָן — האָט ער געפֿרעגט — מען רופֿט מיך שפיאָן, חאָטש איין גאָט ווייסט, אַז איך בין עס ניט; סטייטש איך דיען דאָך ניט ביי אייך פֿאַר געלד. אַלע וויייכען פֿון מיר!

— אַ, וואָס דו ביזט, לאָמיר בעסער געמאַך לאָזען! — האָט דער ראָטמייסטער געענטפֿערט. אָבער זאָג מיר נור, צו מאַכט זיך עפעס נייעס?

— עס מאַכט זיך דאָרט עפעס... דיא אַרבייטער ווילען גרינדען עפעס אַזעלכע שטרייק קאַסען.

— דאָס איז וויכטיג! — האָט געזאָגט דער זשאַנדאַרם און האָט זיך פֿערטראַכט. ווייסט, וואָס דו זאָלסט טהאָן? — האָט ער ווייטער געזאָגט — אָט דו ווער נור געוואָהר, ווער עס בילט אויף דיר אַם מעהרסטען, און לאָז אַרויס אַ קול, אַז זיי זיינען דאָס שפיאָנען, און איך וועל דיר שוין אין דעריין העלפֿען, אַרעסטירענדיג דיא בעקאַנטע פֿון דיזע שרייער.

אַ דאַנק דיזען איינפֿאַל האָט זיך פאָפּיאָלעק ווידער פֿערנומען מיט אַר־בייט, אָבער ניט אויף לאַנג. ענדליך האָבען זיך אָנגעזאַמעלט נייע בעווייזע און דיא עפֿענטליכע מיינונג איז איבעראַל געווען, אַז ער איז טאַקי אַ שפיאָן. פאָפּיאָלעק האָט זיך זאָגאַר שוין אָנגעהויבען דערצו צוגעוואָהנען. אָבער דאָך האָט ער נאָך אַלץ געהאַט אַ געוויסע צאָהל זיינע אַנהענגער.

אַמאָל איז ער דורכגעגאַנגען אַ גאַס און האָט דערהערט נעבען זיך ווערטער:

— זעהט נור, מענשען — דאָס איז אַ שפּיאָן! ער האָט זיך אומגע-קוקט און געציטערט: דאָס האָט יוזשאַ איהם געצייגט דיא פערבייגייענדע אַרבייטער. דאָס פּנים איז איהם פערלאָפען מיט בלוט. דיא גאַנצע געמיינ-הייט פון זיין צושטאַנד, דער גאַנצער שמוץ, אין וועלכען ער איז געזינקען, זיינען איהם דייטליך געשטאַנען פאַר דיא אויגען. ער האָט זיך אָבגעטראָגען אין אַ זייטיג געסעל, אום וויא אַם שנעלסטען זיך צו בעהאַלטען — און אין דער ברוסט האָט איהם דערוויל עפּעס געריסען, געביסען... ער איז געלאָפען וואו דיא אויגען האָבען איהם געטראָגען, ביז ער איז ענדליך אַריינגעפאַלען אין אַ שענק.

— אַ שנאַפּס! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן און ער האָט זיך דיזען טאָג אַזוי אָנגעטרונקען, דאָס אַ פּאָליציאַנט האָט איהם אין אַ בעוואוסטלאָזען צושטאַנד אָבגעפיהרט אַ היים. פון דער צייט אָן האָבען דיא שענקען גע-מאכט אָן איהם גוטע געשעפטען, דער בראָנפען ווידער האָט איהם געמאַכט אָן אַלעם פערגעסען און צוגעגעבען דרייסטקייט צו בעשעפטיגען זיך מיט זיין פאַך. אין קורצען האָט ער זיך פּאָלקאָם צו איהם צוגעוואָהנט און האָט אפילו אויפגעהערט מורא צו האָבען פאַר בורסאַ, ווייל ער האָט פערשטאַנען, אַז ער איז איהם ניטצליך. אַמאָל איז ער געקומען צו איהם, וויא געוועהנליך, אַ ביסעל שכור און געזאָגט:

— אויף מיין אַרבייט ביי אייך ווער איך אין גאַנצען בדיל הדל. צו אַלדע רוחות! איך פערנאַכלעסיג מיין אַרבייט, האָרעווענדיג, דער טייפעל וויים עס צו וואָס; איך פערדיען ווייניג, און איהר האָט מיר נאָך ביז איצט גאָרניט געגעבען. עס וואָלט שוין צייט געווען מיר צו בעשטימען עפּעס אַ געהאַלט.

בורסאַ איז אַזש אויפגעשפרונגען אויפ׳ן שטוהל. אין אמת׳ן האָט ער בעקומען געלד אויף שפּיאָנען, ער האָט אָבער דאָס בעסער געוואָלט בעהאַל-טען אין זיינע קעשענעס, אויף זיינע אַגענטען ווידער צו ווירקען מיט סטראַ-שונקעס. איז ער טאַקי יעצט שטאַרק אין כעס געוואָרען.

— זיי צופריעדען — האָט ער געשריען — אַז דו פוילסט ניט אויף סיביר, און וועגען געהאַלט פערדריי מיר בעסער קיין קאָפּף ניט!

— אַן אַנדערן קענט איהר סטראַשען! — האָט רוהיג געענטפערט פּאָפּיאָלעק –- איך בין שוין גוט דורכגעגאַנגען דיא לעהר און עס קומט מיך שוין צו מאַכען פאַר אַ מייסטער. און פון סיביר וועט מיך בעשיצען דער ראָטמייסטער ליקעוויטש, וועלכער האָט מיר שוין געגעבען גענוג געלד, אַז איך זאָל אייך אַוועקוואַרפען אין איבערגעהן צו איהם אויף דיענסט.

אויף אַזאַ ענטפער איז בורסאַ אַביסעל ווייכער געוואָרען.

— נו, איך וויים ניט, ווער עס וואָלט דיך דאָס פון מיר בעשיצט, און אַ געהאַלט קען איך דיר געבען. וועסט קריגען בעצאָהלט פון שטיק: פאַר גרויסע העכט מעהר, פאַר קלענערע ווייניגער.

— אָבגעמאַכט! — האָט זיך פּאָפּיאָלעק אָבגערופֿען און זיי זיינען זיך פֿערנאַנדערגעגאַנגען צופֿריעדען איינער פֿון אַנדערן.

אַנפֿאַנגס האָט ער ניט שלעכט פֿערדיענט, אָבער צום סוף האָט איהם עפּעס אָנגעהויבען צו גיין שלים מזל׳דיג; ער האָט וואָס אַמאָל ווייניגער געפֿינען לייכטגלויביגע. דערביי האָט ער זיך אבגעוואָהנט פֿון זיין בעשעפֿטיגונג אין פֿאַבריק, ווייל ער פֿלעגט איהר נור געברויכען גלאַט אַזוי אום מען זאָל מיינען, אַז ער לעבט פֿון זיינע פֿערדיענסטען און עס זאָל אויף איהם קיין חשד ניט פֿאַלען, ער האָט זיך צוהולטאַיעוועט אויף דיא גרינגע פֿערדיענסטען, געוואָרען פֿויל און גע׳שכור׳ט. ווען דיא פֿערדיענסטען האָבען אָנגעהויבען צו פֿאַלען, איז ער אַריינגעפֿאַלען אין אַ נויטה און פֿלעגט זיך אַרומשלעפּען פֿון איין שענק אין דער צווייטער, אויסנאַרענדיג שנעפּסלעך מיט סטראַשונקעס, אַז ער וועט מסור׳ן. ענדליך איז איהם געלונגען צו מאַכען אַ נייע ענטדעקונג און ער איז מיט איהר אַוועק צו בורסאַ.

— איך האָב ענטדעקט וואַזשנע פֿויגעלעך, סטודענטען, — האָט ער געזאָגט — זיי האָבען בדעה צו טהאָן שרעקליכע זאַכען.

— אויף וועלכער גאַס איז דאָס? — האָט בורסאַ געפֿרעגט.

— אויף דער סלאָדקאַ.

— האָסט זיך אַביסעל פֿערשפּעטיגט, וואָרים זיי זיצען שוין אין קאָזע. דו ווערסט אַ שלים מזל׳ניק!

— כאַפּט עס דער טייוועל, שטענדיג כאַפּט מיר ווער אוים! — האָט זיך געבייזערט פּאָפּיאָלעק. בורסאַ האָט זיך געשמייכעלט. — גיט מיר חאָטש אַ רובעל פֿאַר מיין פּראַצע.

— ע, דו כיטראַק — האט מיט אַ גוטע מינע געזאָגט דער זשאַנדאַרם — דו ווייסט אַז איך האָב אַ גוט האַרץ, קריגסטו מיך אַלזאָ אָן. נו, כאַפּט דיך דער רוח, — נאַ דיר אַ האַלבען רובעל!

— ווער האָט דאס דיא סאָציאַליסטען געלערנט שכל? — האט געבורטשעט פּאָפּיאָלעק אַרויסגייענדיג — אַמאָל זיינען זיי דאָך געווען אַזעלכע נאַראָנים!

אַזוי איז איהם דאָס לעבען אַוועק אין מאַטעריעלע און מאָראַלע נויטה. אָבער נאָך אַ לענגערע צייט, ווען ער האָט גאָרניט אויפֿגעטהאָן, האָט ער ווידער אָנגעטראָפֿען אויף אַ גאָלד גרובען. ער האָט זיך עפּעס בעקענט מיט יונגע לייט, וועמען ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַלס אַן אַרבייטער פֿון קראַקוי, וועלכער ווערט פֿערפֿאָלגט פֿון דער רוסישער רעגירונג. עס איז איהם לייכט געלונגען צו געוואונען זייער צו טרויען, און זיי פֿלעגען איהם מיטנעהמען אויף אַרבייטער פֿערזאַמלונגען, וואו ער האָט געהערט פֿערשיעדענע רעדנער און געמאַכט נייע ענטדעקונגען, וויא איהם האָט זיך געדוכט, פֿון זעהר וויכטיגע בעדייטונג. זיי זיינען געווען אַזוי לייכטגלויביג, דאס זיי האָבען איהם אפילו געגעבען געלד, פֿאַר וועלכען ער האָט זיך זאָפֿאָרט אָנגעזאָפֿען און דערנאָך געגאַנגען צו בורסאַ בעריהמען זיך מיט זיין ענטדעקונג. ער איז געקומען שוין שפּעט ביי נאַכט, בורסאַ האָט זיך געקליבען גיין שלאָפֿען.

— וואָס פֿאַר אַ נייעס ברענגסטו מיר — האָט ער געפֿרעגט.

פּאָפּיאָלעק׳ן האָט זיך דיא צונג געפּלאָנטעט — עס איז איהם שווער געווען צו פֿערשטיין. לאַנג האָט זיך בורסאַ מיט איהם געמאַטערט, ביז ער האט ענדליך פֿערשטאַנען, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

— שוטה, שלים מזל׳ניק! — האָט ער זיך אָנגערופֿען — דיזע יונגע לייט זיינען מיינע נייע אַגענטען, אַביסעל מעהר פֿעהיגערע פֿון דיר. גיי שלאָפֿען, אויב דו האָסט ניט ׳פעס בעסערס צו זאָגען!

— נו, אַזאַ שוטה בין איך ניט, — האָט פּאָפּיאָלעק געענטפֿערט — אייערע אַגענטען קען איך, וואָרים איך בין אַן אַלטער פֿוקס, און דיזע זיינען געווען זעהר געפֿעהרליכע מענשען. און ער האָט גענומען דערציילען נייע איינצעלהייטען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען עטוואָס מעהר צו פֿעראינטערעסירען דעם זשאַנדאַרם.

— אין יעדענפֿאַלס — האָט ער בעמערקט, פֿערצייכענדיג — וואָלסטו בעסער געמאַכט קומענדיג אַ ניכטערנער.

— ניט דוקא — האָט דער שכור געענטפֿערט — ניכטערנערהייד וואָלט איך אפשר גאָרניט געזאָגט וועגען יוזשאַ, און ווען איך בין אָנגעטרונקען קען איך יאָ, פֿאַר וואָס דען ניט?

— וואס איז דאָס פֿאַר אַ יוזשאַ? — האָט זיך בורסאַ פֿעראינטערעסירט.

— עס איז דאָ פֿאַראַן איינע, אַ שטיק צרה, וועלכע זעהט מיך ניט גערן דערפֿאַר, וואָס איך דיען ביי אייך. און ער האָט דערצעהלט אַלעס, וואָס ער האָט נור געקענט. דער זשאַנדאַרם האָט דאָס אויך פֿערצייכענט, דערנאָך האָט ער פּאָפּיאָלעק׳ן געגעבען אַ דרייער-קערבעל און איהם לייכט אַרויסגעשטופּט פֿאַר דיא טיהר.

— גיי, מאַך ווידער אַ שנאַפּס — האט ער געענדיגט.

פּאָפּיאָלעק האט זיך אַלזאָ געפֿינען אויף דער פֿרישער לופֿט. דיא קעלט פֿון דער נאַכט האט איהם עטוואס ערפֿרישט און ערלויבט גענויער צו דענקען. פּלוצלינג האָט איהם אַזוי וויא אַ דונער אין קאָפּף אַ קלאַפּ געטהאָן דיא שרעקליכע ערווינערונג: ער האט יוזשאַ פֿערראַטהען! דיא האָאָר האבען זיך איהם אויפֿגעשטעלט, ער האט זיך געזעצט אויף דער ערד וויא אונטערגעשלאַגען, ער האָט זיך באַלד אויסגעניכטערט, און פֿאַר זיינע אויגען איז געשטאַנען אין דער גאַנצער גרוויזאַמקייט דער תהום פֿון געמיינהייט, אין וועלכען ער איז אַריין אַזש ביז׳ן דנאָ. ער האט זיך אויפֿגעכאַפּט אויף דיא פֿיס און איז ווידער אַנידער געפֿאַלען. ענדליך האט ער זיך אויפֿגעהויבען און גענומען גיין פּאַמעלעך גלייך פֿאָר זיך, אויסער דער שטאָדט, ניט קוקענדיג אין ערגעץ. ער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּף, וויא דער הונד, וועלכער שפירט, אַז ער ווערט משוגע, פֿערלאָזט אויף אייביג דאס הויז פֿון זיין בעל הבית, כדי ער זאָל איהם ניט אַמאָל אַ ביס טהאָן. הינטער איהם, וויא שאָטענס, זיינען נאכגעגאַנגען דריי מענשען...

— אָ, וויא אַ שרעקליכע זאַך איז דאס צו פֿערגיסען דאס בלוט פֿון אַ מענש! — האָט איינער אויסגערעדט — איך וואָלט זיך מיט חשק צוריק-געהאַלטען.

— מיר טאָרען ניט זיין קיין שוואַכלינגע! — האט אַן אַנדער גענט-פֿערט. געדענק אַז דו בעשיטצסט דאָס לעבען פֿון פֿיעלע עדעלע מענשען, וועלכע זיינען דיר זעהר טהייער, אַז דו בעשיטצסט ענדליך דיא הייליגע זאַך, וועלכע איז מיט זיי פֿערבונדען. דיזער נידערטרעכטיגער ווייס שוין זעהר פֿיעל; ער דענקט נור ניט נאך וועגען דיא וויכטיגקייט אין בעדייטונג פֿון דיזע זאַכען. עס זאָל נור אַזוי וועז אַ שיין טהאָן איין געדאַנק אין זיין אָרעמען, פֿער׳שכור׳טען קאָפּף און אַלעס איז פֿערלוירען. זאָל אַלזאָ גלייכער פֿערלוי-רען גיין איין געמיינער שורקע איידער פֿיעלע עדעלע מענשען!

און דיא פֿינסטערע נאַכט האָט מיט איהרע פֿליגעל פֿערדעקט דיא טראַגעדיע, וועלכע האָט זיך אין איהר אבגעשפיעלט.

# אידישע אויסגאבען
פֿון
די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

---

גן עדן התחתון. פּרייז: אין ענגלאַנד 2 d.; אין גאַליציען 20 h.
אין אַמעריקאַ 5 ct

קאוטסקי. דיא אונאבהענגיגקייט פֿון פּוילען.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1 d.; אין גאַליציען 10 h.; אין אַמעריקאַ 3 ct.

פייגענבוים. וויא קומט א איד צו סאציאליזמוס.
פּרייז: אין ענגלאַנד 2 d.; אין גאַליציען 20 h.; אין אַמעריקאַ 5 ct.

א. ווראנסקי. דיא אידען אין פּוילען.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1 d.; אין גאַליציען 10 h.; אין אַמעריקאַ 3 ct.

ש. דיקשטיין. פֿון וואס איינער לעבט.
פּרייז: אין ענגלאַנד 2 d.; אין גאַליציען 20 h.; אין אַמעריקאַ 5 ct.

וואס יעדער ארבייטער דארף וויסען און געדענקען.
פּרייז: אין ענגלאַנד 3 .; אין גאַליציען 30 h.; אין אַמעריקאַ 10 ct.

ליבקנעכט. דיא ווארהייט איבער דעם סאציאליזמוס.
פּרייז: אין ענגלאַנד 3 d.; אין גאַליציען 40 h.; אין אַמעריקאַ 10 ct.

דיא ארבייטער-רעוואלוציאן.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1½ d.; אין גאַליציען 15 h.; אין אַמעריקאַ 5 ct.

א. דעמבסקי. סטאניסלאוו קוניצקי.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1 d.; אין גאַליציען 10 h.; אין אַמעריקאַ 3 ct.

מ. מיכלזאהן. הערשעל דער שניידער.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1 d.; אין גאַליציען 10 h.; אין אַמעריקאַ 3 ct.

כאטארניק׳ יאראסלאוו דאמבראווסקי.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1 d.; אין גאַליציען 10 h.; אין אַמעריקאַ 3 ct.

שפיאן.
פּרייז: אין ענגלאַנד 1½ d.; אין גאַליציען 15 h.; אין אַמעריקאַ 5 ct.

## אידישע ארגאנען פון פ. פ. ס.

„דער ארבייטער" — אין דער געהיימער דרוקעריי אין לאַנד.

„דיא פראָלעטארישע וועלט" — לאָנדאָן.

אַלע אויסגאַבען פון פ. פ. ס. זיינען צו בעקומען

אין לאָנדאָן אין דער ביכהאַנדלונג פון פ. פ. ס.

J. Kaniowski, 67 Colworth Road, Leytonstone N. E.

אָדער אין דער לאָנדאָנער בראַנטש פון פ. פ. ס.

4, Thomas street, Whitechapel London E.

אין אַמעריקאַ ביי דעם מיטגליעד פון דיא ניו-יאָרקער סעקציאָן פון פ. פ. ס.

J Zilber. 543. E. 5 Street Room 17 New-York N. Y.

אין גאַליציען ביי אַלע פארטיי-קאָלפּאָרטערן.

Printed and published by J. Kaniowski, 67 Colworth Road
Leytonstone London N. E.